בעזהשי"ת

# אן אפענער בריף צו אלע עשירים און פילאנטראפען

## אינהאלט

א. אינוועסטמענט מיט שכל

ב. אַרבעטן די עשירים פאַר זייערע קינדער?

ג. עשירים זענען נישט יוצא מיט געבן אַ חומש

ד. די עשירים טראגן דעם אחריות פאַרן גאַנצן דור

ה. דער גייסטיגער אוישוויץ איז אין פילן ברען

ו. ביי אייך, עשירים, ליגט אין די הענט צו העלפן!!!

ז. כשרות — שבת — טהרת המשפחה

ח. 6 מיליאן אידן ביים שוועל פון אינטערגאַנג — איר עשירים קענט העלפן

ט. דער עושר ביים פאַרהער ביים בית דין של מעלה

י. רייכע אידן! חשובע אידן! טייערע אידן!


"וועד המרכזי העולמי לקיום היהדות"

VAAD HAMERKAZI HOILUMI LEKIYUM HAIHADUS

c/o RABBI SHOLEM YUDA GROSS

4711 12th AVE., APT. A-5, BROOKLYN, N. Y. 11219

TEL.: (718) 436 8086



ברוקלין נוא־יארק  שנת תשמ"ז לפ"ק

## אינהאלט




"וועד המרכזי העולמי לקיום היהדות"

VAAD HAMERKAZI HOILUMI LEKIYUM HAIHADUS

C/O RABBI SHOLEM YUDA GROSS

4711 12th AVE., APT. A-5, BROOKLYN, N. Y. 11219

TEL.: (718) 436 8086

ברוקלין נוא־יארק שנת תשמ"ז לפ"ק

# אן אפענער בריף צו אלע עשירים און פילאנטראפען

## פאָרוואָרט

די סיבה וואָס האָט אונז צוגעברענגט אַרויסצוקומען אין דער עפענטליכקייט מיט אַ וויי געשריי צו די אויערן און הערצער פון די עשירים איז דאָס פאָלגענדע:

עס איז אָנגעקומען אין אונזער אפיס פון **ועד לחיזוק הכשרות ויסודי הדת** עטליכע דאָקאַמענטען וועלכע זענען ערשינען אין די גרויסע צייטונגען, און יעדע פאַר זיך איז געגנוג אויפצוטרייסלען יעדעס אידיש האַרץ ביזן קלימאַקס.

נעמליך ראַבייס וועלכע רופן זיך אָרטאָדאָקסיע פראפּאגאַנדירען פאַר הינדערטער מעמבערס פון זייער שוהל זיך צו דערנעטערן צו קריסטליכן גלויבן רח״ל (זעה ביישפיל אין ״דאָס אידישע וואָרט״ חודש ניסן תשמ״ז) אַזעלכע און עהנליכעס ווערט געקאָרמעט אין תמימות׳דיגן ציבור, אוןליידער רופט עס זיך אָהן זייער שלעכט בפרט ביי די היינטיגע אַמעריקאַנער יוגנט.

צו דעם קומט נאָך צו דאָס וואָס עס ווערט פאַרפלייצט די גאַס מיט מיסאָנערישע לייען מאַטריאַל פאַר די ווערט פון מיליאָנען דאָלאַרן. עס איז אַ שאַנד פלעק פאַרן גאַנצן כלל אַז אין די צייט וואָס כמעט יעדעס אידיש פאָסט — באַקס ווערט אָנגעפילט כאָטש איינמאָל אַ וואָך מיט ליטעראַטור פון קריסטליך און קאַטוילישען גלויבן געמישט מיט להבדיל אלף

הבדלות דעם תנ״ך (צו פאַרמישן דעם עולם) איז נישטאָ אַפילו אַ פערטעל פון דעם קעגענזאַץ זיך קעגן שלאָגן מיט אַריינברענגען צו די זעלבע צייט התלהבות מיט וואַרמקייט צום באַשעפער און צום לויטערן אידישן אמונה פאַר וועלכע אונזערע זיידעס האָבן זיך מקריב געווען, וואָס זאָל דינען פאַר אַ מויער פון קדושה וואָס זאָל צוברעכען די כחות הטומאה.

## מורי ורבותי!!!

מיר שלאָפן שינת חוני המעגל און באַמערקן נישט ווי די אינערליכע (שוואַכע אידן) מיט אויסערליכע (מיסיאָנערן) פיינט האָבן מאָבליזירט די שווערסטע וואַפן אייצונעמען דאָס כלל ישראל רח״ל.

מען דרש'נט דרשות של דופי פאַר יונגע מענטש. און מען שיקט אָן אויפהער מיסיאָנערישע מאַטריאַל אין יעדע אידיש שטוב (ביטע האַלט אַ אָפען אויג אויף די פאָסט עס זאָל חס ושלום נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון די קינדער וואָס קען ח״ו אין מינוט'ן פאַר'סמ'ן רח״ל אידישע נשמות) און אַלעס שווייגט כאילו לא הי'.

צו דעם קומט נאָך צו דאָס הפקרות אין די גאַס וואָס איז אומגעהויער שעדליך פאַר יעדן אידן און אַוודאי פאַר די שוואַכע עלעמענטן וועלכע וואַקסן אין גייסט פון פריקת עול תורה והמצות.

די איינציגע עצה איז **הקול קול יעקב** צו פראָפאַגאַנדירן פאַר אמונה שמירת התורה והמצות אָן אויפהער מציל צו זיין דעם כלל ישראל. מיר האָבן ב״ה מאַטריאַל לרוב צו פאַרפלייצן די גאַסן און ברענגען בעזה״י צום ריכטיגן ציל, מיר האָבן

איבער הונדערט אַרבעטער וועלכע זענען גרייט צו אַרבעטן פלייסיג, אָבער דאָך איז דאָ אַ סיבה וועלכע האַלט אַלעס אָפּ.

ליידער ליידער מוזן מיר אָפן זאָגן אַז די סיבה איז געלט, מיט געלט וואָלט מען געקענט ממש איבערדרייען אַ וועלט, שיקן טאָג טעגליך מאַטריאַל איבער די וועלט אויף אַלע שפּראַכן פאַר יונג און אַלט אָנצו־וואַרמען די אידישע הערצער צו תורה און אמונה מציל זיין די שוין פאַרקראָכענע און אָפּהאַלטן דאָס אָפּפאָרן אויף ווייטער, מיר האָבן דאָס געטוהן אין פאַרגאַנגענהייט אין אַ קליינעם פאַרנעם און ב"ה אויפגעטוהן גדולות ונוצרות אומגלויבליך ווי אַזוי גאַנצע משפחות זענען איבערגעדרייט געוואָרן צו אַ לעבן פון שמירת התורה אין אַ קורצע צייט, מען וואָלט געקענט פיל מער אויפטוהן אָבער... געלט איז דער אָפּהאַלט. טויזענטער נשמות וואַרטן מען זאָל זיי אויפלייכטן און אַרויסציען פון עולם הזה געפענגענישט. עס ציהט זיי צום שורש וועלכע זענען געווען ערליך און טריי צו תורה און אמונה נאר דאָס עולם הזה מיט אירע תענוגים טוען אַלעס פאַרשוועמען.

לאמיר זיי ראַטעווען ווילאַנג עס איז נאָך צייט.

**הק' שלום יודא גראס**
רב דקהל "מגן שאול" ד"האלמין"
ור"מ בישיבה וכולל "בית ישעי'"
"מכון להוראה בשחיטות ובדיקות"

ברוקלין נוא־יארק



## SAVING YIDDISHKEIT




Here is mirrored the great work that the great Admor Shlita founded and is carrying on with literal self-sacrifice until this day.

... standing in the front lines and leading the unending battle to break the wall that obstructs those who want to pour the foundations for true, real Kashrus.

... are Sanctifying G-d's Name before the whole World, declaring that Moshe is Truth and his Torah is Truth ("Emes").

... their glory fills the land... great strongholds against evil winds that blow on Klal Yisroel.

### Contents

☐ Three thousand letters blessing and encouragement from the Great and Sages of our generation.

☐ Propaganda and distribution done by our offices in all the Diaspora.

☐ The number of works that were written and published by the grand Author during 18 years total 286 books.

☐ The number of copies printed and distributed FREE thru the Institute for Publishing the Books of Judah and israel in the entire Jewish world, total 850,000 books.

☐ The cost of printing and mailing totals over 2 Million Dollars.

☐ The Deficit totals: $1.5000,000.00

☐ The Annual Budget for 1987 is $1,750,000.00



**THE DEBTS HAVE ACCUMULATED ABOVE OUR HEADS! PLEASE! COME AND TAKE PART IN UPHOLDING THE FOUNDATION FOR PUBLISHING BOOKS FOR THE MERIT OF MANY IN THE ENTIRE WORLD, AND GREAT IS THE SHARE OF EACH ONE WHO AIDS IN SUCH A GIGANTIC AND LOFTY UNDERTAKING OF SAVING JEWISH SOULS.**



Please lend a hand to this lofty Foundation to partake in the publication of a Book in the Sainted memory of departed relatives for whose Souls this will be a great Uplifting and through which they will intercede for you to be saved in all manners from Above, for you and your worthy family and all the Nation of Israel, Amen.

**M.B.T. P.O.B. 331, Brooklyn, N.Y. 11219 Tel: 718-436-8086**

# אן אפענער בריף צו אלע עשירים און פילאנטראפען

## אינוועסטמענט מיט שכל

**א.** יעדער איד מיט אַ פינטעלע אידיש געפיל אין האַרץ גיט זיך אַמאָל אַ טראַכט, סוף כל סוף לעבט דאָך קיינער נישט אייביק, יעדער שטאַרבט און גייט אַריבער פון דער וועלט צו דער אייביקער וועלט, וועלכע האָט נישט קיין ענדע און קיין סוף. נו! היינט־צו־טאָג לעבט מען דאָך אין אַ וועלט פון אינוועסטמענטס, וואו איר גייט און שטייט הערט מען און אָטעמט מען מיט ביזנעס־אינוועסטמענטס.

**ב.** פאַראַן עשירים מיט שכל, וואָס אינוועסטן זייער עיקר געלט פאַר הויכע פאַרדינסטן אויף יענער וועלט, וועלכע איז אָן אַ סוף. די זיינען די בעלי שכל וואָס פאַרשטייען, אַז די גרעסטע און העכסטע פאַרדינסטן אויף דער וועלט האָבן גאָר אַ קליינע ווערט אויב מען נוצט דאָס בלויז אויף אייגענעם געברויך. מערסטע עשירים קענען זיך אָפּזאָגן פון איין טאָג אויפן צווייטן פון אַלע געשעפטן און אויסלעבן מיט זייערע קינדער און אייניקלעך רואיק מיט רחבות פון די פאַרדינסטן, וועלכע קומען אַריין פון זיך. מיט צוויי לעפלעך עסט קיינער נישט, צוויי סעודות

עסן אויף איינמאָל קען מען נישט. ווען מען שלאָפט זיינען אָרימעלייט און עשירים גלייך. צו וואָס טויג דאָס געלט? דערפאַר עפענען די עשירים די בעלי שכל דאָס בייטל און גיסן אויף אַלע זייטן אויף צדקה און אויפצובויען מוסדות התורה והחסד, ווייל נאָכ׳ן שטאַרבן איז דאָס דער איינציקער פאַרמעגן, וואָס בלייבט איבער און מען טראָגט־מיט מיט זיך.

**ג.** פאַראַן אַ סך מיטל־קלאַס מענטשן, וועלכע שפּאָרן יעדע עקסטרע פּרוטה פאַר צדקה. אַ שאָד איבערצולאָזן אויף דער וועלט וואו מען האָט גאָרנישט דערפון. שטעלט אייך פאָר, מען שלאָגט אייך פאָר אָפּצוקויפן אַ סקווער־בלאָק אויפ׳ן טייערסטן פּלאַץ פאַר גאָר ביליק, און עס שטייט אייך פאָר צו פאַרדינען ביליאָנען זייער גרינג, נאָר מיט איין קליינעם תנאי, אַז דאָס פאַרדינטע געלט טאָרט איר נישט נוצן פאַר זיך נאָר האַלטן אין באַנק אויף אייער נאָמען. וועט נישט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ שוטה דער וואָס גייט אַריין אין אַזאַ ביזנעס??? אַלע צוגלייך וועלן מודה זיין, אַז מען מוז אים פירן אין משוגעים הויז; ער איז נישט ביים רעכטן זינען ל״ע.

**ד.** איצט, טייערע אידן, לאָמיר זיך אַליין באַטראַכטן און דורכשמועסן, מיט וואָס שטייען מיר העכער פון דעם דאָזיקן איד? מיר האָבן שוין ב״ה עררייכט געלט מיט געלט אויסצוהאַלטן אויף די אור־אייניקלעך ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. דאָס איבריקע פאַרדינטע געלט איז בלויז **צו לייגן אין באַנק, נישט צום נוצן,** ממש ווי יענער שוטה. און כאָטש מיר ווייסן דערפון, יאָגט מען זיך טאָג נאָך טאָג, וואָך נאָך וואָך, פאַר נאָך אַ דאָלאַר און נאָך אַ דאָלאַר.

# אַרבעטן די עשירים פאַר זייערע קינדער?

ה. די אַלע וועלכע שרייען אַז זיי אַרבעטן פאַר די קינדער איז דאָס בלויז אַ תירוץ, ווייל ס׳רוב עשירים האָבן שוין געענוג פאַר זייערע אייניקלעך אויך. און טאָמער ווער אייך אימיצער איינרעדן, אַז ער אַרבעט פאַר זיינע אייניקלעך עד סוף כל הדורות, זאָלט איר אים פרעגן, ר׳ איד, שוין דורות צוריק, זינט בריאת העולם האָבן געלעבט גבירים אדירים, וועלכע זיינען געוועזן פאַרנומען צו אַרבעטן פאַר זייערע אייניקלעך עד סוף כל הדורות. נו, אויב אַזוי, אפשר קענט איר מיר ווייזן כאָטש איין־איינציקן אייניקל — פון די מיליאָנען עשירים, וועלכע האָבן געלעבט אויף דער וועלט — וואָס לעבט זיך רואיק אָן אַרבעט, פון די פאַרמעגנס, וואָס זיין עלטער־זיידע האָט אָנגעזאַמלט? און וואו איז דער זון וואָס לעבט פון טאַטנ׳ס פאַרמעגן? בלויז תורה־יונגעלייט, וועלכע ווערן געשטיצט פון זייערע עלטערן, און אויך נישט צו־לאַנג, ווייל נאָך אַ צייט אָדער ער ווערט אַ ראש ישיבה אָדער אַ רב, אַ מו״ץ, און פאַרדינט אַליין זיין ברויט. און דער וואָס וויל בלייבן ביים לערנען רודפ׳ן אים די עלטערן ער זאָל גיין זוכן אַ פאָסטן, נישט לעבן און זיך אָנלייגן אויף די עלטערן.

ו. די סטאַטיסטיק ווייזט, אַז קינדער וועלכע לעבן פון עלטערנ׳ס האָרעוואַניע באַשטייען סך־הכל איין צוואַנציקסטל פון איין פראָצענט, 1/20%, און על פי רוב זיינען דאָס נישט קינדער פון עשירים, וועלכע גייען בדרך כלל אין ביזנעס, נאָר קינדער פון בני תורה, וואו דער טאַטע שפּאָרט־אָפּ דאָס ביסן פון מויל צו קענען אויסהאַלטן די קינדער ביי תורה.

ז. דער סך־הכל איז: אין אַלגעמיין גייען אַלע אַרבעטן אָדער אין ביזנעס, קינדער פון רייכע שטיבער צוגלייך מיט אָרימע און פאַרדינען זיך אַליין דאָס ברויט. אדרבה, טאָמער טרעפן זיך קינדער וועלכע ווילן נישט אַרבעטן (און ביים לערנען האַלטן זיי אויך נישט) ווערט פון זיי רח״ל דאָס ערגסטע, היפּיס, גענגסטערס, דראָג־נוצערס, געמבלערס, ועוד. בלייבן בלויז די בני תורה, פון וועלכע בלויז 1/20 ווערן אויסגעהאַלטן דורך די עלטערן. און דערפאַר אַרבעטן אַלע עשירים צו דערגרייכן די ביליאָנען???

ח. מוזן מיר צוריקקומען צום אויבנדערמאָנטן, אַז בדרך כלל האָרעווען די עשירים צו זאַמלען די מיליאָנען, פון וועלכע קיינער וועט נישט הנאה האבן. טראַכט אַריין אין דעם אויבנדערמאנטן, וועט איר זען ווי ווייט אמת דאָס איז. בלויז דער בעל דבר איז דער, וועלכער לאָזט נישט טראַכטן. אויב איר צאָלט טייער געלט פאַר אַ בוק־קיפּער צו פירן די חשבונות פון ביזנעס, אפשר מעגט איר נעמען אַ בוק־קיפּער (אַפילו דעם זעלבן), וואָס זאָל מאַכן אַ חשבון וויפל געלט איר דאַרפט פאַר זיך מיט אייערע קינדער (אויב זיי זיינען בני תורה) בריווח ובכבוד. און דאָס איבריקע נעמט אַרויס באַצייטנס — ווי לאַנג איר זענט געזונט און ביים קלאָרן זינען — און אינוועסטירט דאָס אין עולם הבא, אין דער וועלט וואו איר וועט האָבן אייער וואוינונג אויף אייביק, עס זאָל זיין אַ דירה מלוכה לשם ולתפארת.



## עשירים זענען נישט יוצא מיט געבן אַ חומש

**ט.** איר, עשירים, לעבט זייער רואיק מיט אייערע גרויסע נתינות אויף מוסדות התורה והחסד. ביקור חולים, פדיון שבויים, געבענטשט זאָלט איר זיין אויף די אַלע צדקות און געבענטשט זאָלן זיין די הענט וועלכע פאַרטיילן דאָס. איר פאַרגעסט אָבער וואָס דער חפץ חיים זצ״ל שרייבט אין זיין ספר **אהבת חסד**, אַז **עשירים זיינען נישט יוצא מיט מעשר און אפילו חומש**, וויבאַלד עס זיינען פאַראַן נצרכים און זיי האָבן די מעגלעכקייט זיינען זיי מחוייב צו שטיצן, יעדער לויט זיין יכולת.

**י.** ווער רעדט נאָך ווען עס האַנדלט זיך אין מציל זיין אידישע נפשות פון גייסטיקן אונטערגאַנג, איז דאָס אחריות אַ סך גרעסער ווייל די חז״ל זאָגן (שבת נד.) ווער עס איז בכח מוחה צו זיין און איז נישט מוחה ווערט נתפס אויף דער עבירה. איצט שטעלט אייך פאָר, אויב איר זענט געווען בכח אַרויסצוהעלפן אידישע נשמות זאָלן נישט פאַרזונקען ווערן גייסטיק און איר טוט דאָס נישט ווערט דאָס אין הימל באַטראַכט ווי איר וואָלט בידים מאבד געווען אידישע נשמות.



## די עשירים טראגן דעם אחריות פאַרן גאַנצן דור

**יא.** עס איז ידוע די מעשה ווי אַזוי עס האָבן זיך אַמאָל צוזאַמענגעטראָפן מערערע אָרימעלייט. יעדער האָט זיך אָנגערופן ווי גוט עס וואָלט געווען ווען ער איז אַן עושר. צווישן זיי איז געווען אַ חכם מחוכם, האָט ער זיך אָנגערופן: ב״ה אַז איך בין נישט קיין עושר. דער גיהנום

וואָלט נישט געגוג געווען פאַר מיר! אַלע זיינען געבליבן פאַרגאַפט וואָס קען ער דאָ מיינען מיט דעם. אָפּלייענענדיק דעם וואונדער פון זייערע פנימער האָט ער זיי ערקלערט:

יב. **מורי ורבותי!** וויסן זאָלט איר, אַז אַחוץ די מורא׳דיקע נסיונות פון גזל, שקר, רבית, אונאה, השגת גבול מיט מחוסר בטחון, וועלכע אַן עושר ווערט געפּרואווט יעדע מינוט פון טאָג, **טראגט ער אויך א געוואלדיק־גרויסע אחריות, וואס לאזט זיך גארנישט זאגן** מיט ווערטער. שטעלט אייך פאָר, אַ איד וועלכער פאַרמאָגט בלויז איין מיליאָן דאָלאַר מער וויפל ער דאַרף (פאַר זיך און די קינדער) אויסצולעבן די יאָרן, אויב ער הערט אָדער לייענט אַז מען קען ראַטעווען אידישע נשמות פון אונטערגאַנג פאַר בלויז $25 אַ קאָפּ מיינט דאָס, אַז ער קען ראַטעווען 40,000 אידן מיט דעם איינעם מיליאָן דאָלאַר. טוט ער דאָס, איז מקנא צו זיין זיין חלק לעולם הבא. טוט ער דאָס נישט, איז נישט מקנא צו זיין זיין גיהנום פאַר אומברענגען 40,000 אידישע קינדער.

יג. וואָלטן מענטשן געהאַט שכל (האָט ער אויסגעפירט), וואָלט יעדער געלאָפן און געגאָסן מיט געלט כדי צו קענען כאַפּן אַ מצוה פאַר זיך, אַזוי ווי ביי נדבת המשכן. דער בעל דבר פאַרדרייט דעם שכל פון מענטש מיט נאַרישע תירוצים, און אַזוי פאַרפירט ער אים ביז׳ן טויט, נאָכדעם איז ער אויף אים מקטרג אין הימל אויף די אומשולדיקע אידישע נפשות, וועלכע זיינען דורך אים אַוועקגעריסן געוואָרן פון שורש.



## דער גייסטיגער אוישוויץ איז אין פילן ברען

**יד.** יעדער געדענקט נאָך ווען אין דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט האָט מען געווײנט און געבעטן מען זאָל מנדב זיין געלט, ווייל פאַר יעדע $10 קען מען ראַטעווען אַ קאָפּ און פאַר $10,000,000 וואָלט מען געקענט ראַטעווען 1,000,000 אידן, און דאָס איז נישט געטון געוואָרן. היינט־צו־טאָג שטייען נאָך מענטשן און וואונדערן זיך, ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך געווען, אַז מען האָט נישט געקענט אַזאַ נישטיקע סומע (ביי אַזוי פיל עשירים) צוזאַמענשטעלן, וואָס עס איז באמת אַן עון בל יכופר.

**טו.** די קשיא איז נאָך פילפאַכיק גרעסער ווען היינט־צו־טאָג איז דער גייסטיקער קאַלך־אויוון אין אַמעריקע אין פולן ברען. די מדינה באַשטייט פון קרוב צו 6,000,000 אידישע נפשות, וועלכע רוב־רובם זיינען בשפל המצב און ווייסן נישט פון קיין תורה און אידישקייט רח״ל, און עס פולסירט נאָך דער קאַלך אויוון אין פולן קראַפט. טעגלעך זינקען אידישע נפשות מטה מטה, פון ערלעכקייט צו מאָדערניזם, פון מאָדערניזם צו פרייהייט, פון פרייהייט צו כפירה רח״ל.



## ביי אייך, עשירים, ליגט אין די הענט צו העלפן ! !

**טז.** מיר האָבן ב״ה אַ שטאַב פון 112 מענטשן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט אַלערליי ליטעראַטור געווידמעט אַריינצודרינגען אין אידישע הערצער, אויפצופלאַמען דאָס פינטעלע איד, וועלכעס ליגט טיף־טיף באַגראָבן און

פאַרשלאָפן. גאַנצע קונטרסים מיט ספרים, וועלכע באַנעמען זיך מיט אויפקלערן די באַדייטונג פון איד, זיין קשר צום בורא מיט לימוד התורה און קיום המעשים. אויפקלערונגען זיך אָפצוטרייסלען פון עולם הזה פאַרבלענדענישן, וועלכע זיינען נאָר צייטווייליק און ליידיק פון יעדן תוכן און אויסבייטן זיי מיט רוחניות׳דיקע תענוגים אַזוי ווי ציצית, תפילין, כשרות און שבתים און ימים טובים אדג״ל, וועלכע זיינען אַ גייסטיקער פאַרגעניגן, פון וועלכן מען האָט הנאה אויף דער וועלט און יענער וועלט.

יז. דער הויפט־אינהאַלט פון די קונטרסים איז אַ סך־הכל פון יאָרן פאָרשונגען וואָס האָט גורם געווען דעם גייסטיקן אונטערגאַנג פון אַמעריקע. אַמעריקע, אַ מלכות של חסד, וועלכע גיט גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אידן און להבדיל גויים מיט אַ געוואַלדיקער רחבות פון געלט מיט אַנדערע לעבנס־באַדערפענישן, און, להבדיל, אויך אַלע רעכטן צו שמירת התורה והמצוות אָן גזירות הדת ח״ו. פונדעסטוועגן ווערן אַלע אידן כמעט אָפגעשמד׳ט רח״ל ביז עטלעכע דורות. אַזוי איז געווען אין עבר, און ליידער בהווה ווייזן זיך אויך סימנים פון אַ ירידה נוראה אין גייסטיקן זין.

יח. דער תירוץ איז:

## כשרות — שבת — טהרת המשפחה

יט. די זיינען די דריי זאַכן, וועלכע זיינען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן אין אַמעריקע און האָבן פאַראורזאַכט דאָס אָפּווישן יעדן שפור פון אַמאָליקן אידנטום.

כ. דערפאַר האָבן מיר געגרינדעט דעם **ועד העולמי לקיום היהדות**, וועלכער זאָל זיך פאַרנעמען מיט אַנאַליזירן די אַלע מדינות וואו מערסטנטייל אידן זיינען באַזעצט, וואָס זיינען די סיבות וועלכע רואינירן דאָס אידישקייט, אַלע איבלען און פראָבלעמען. די עצות אויסצומיידן און בעזה״י פאַרזיכערן דורך דעם די עקזיסטענץ פון די קומענדיקע דורות.

כא. צוערשט אויף דער ריי איז אַמעריקע, וועלכע ליידט, ווי אויבנדערמאָנט, אין כשרות, שבת און טהרת המשפחה.

כב. די קונטרסים, וועלכע ווערן צוגעגרייט (כמעט פאַרטיק) זיינען אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן אויסגעשטעלט. עס דרינגט אַריין אין די ביינער אַ געוואַלדיקע וואַרימקייט און חשק זיך צו האַלטן פעסט ביי אידישקייט און גיט גלייכצייטיק וואונדערבאַרע עצות נישט מיטגעשלעפט צו ווערן מיט די נסיונות הזמן. און דאָס אַלץ איינצובאַקן אין די דורות הבאים, עס זאָל זיין אַ דבר של קיימא.

כג. מיר קענען דאָ מעיד זיין, אַז טויזנטער זיינען שוין איבערגעקערט געוואָרן צום גוטן דורך די קונטרסים.

כד. איצט, טייערע עשירים און פילאַנטראָפּן, דאָס אויבנדערמאנטע איז דאָס גאַנצע, וועלכעס ליגט ביי אונז אין די הענט. דאָס מיינט 1) דרוקן קונטרסים און ספרים; 2) צעשפרייטן זיי איבער גאַנץ אַמעריקע; 3) פאַרשאַפן וואָלונטירן, וועלכע זאָלן צוהעלפן צו דעם אַלעם לשם מצוה.



# 6 מיליאָן אידן ביים שוועל פון אינטערגאַנג איר עשירים קענט העלפן

כה. דאָס איבריקע, וואָס מיינט געלט, דאָס ליגט ביי אייך אין די הענט. אויב איר וועט צולייגן אַ האַנט קענט איר האָבן אַ חלק אין הצלת כלל ישראל. אויב נישט, דאַן פאַלט אַלץ אַרויף אויף אייער אחריות. יעדעס אידישע נפש, וואָס פאַלט אַוועק צוליב דעם, ווערט דאָס באַטראַכט ווי אַ נפש וואָס איר האָט מאבד געווען בידים (שבת נד.).

כו. באַקלערט זיך גוט, בעוד מועד (וויפל עשירים ליגן שוין נעבעך אין די האָומס פאַרקאַלעכט). עס איז נישטאָ געגוג אַ שטאַרקער תירוץ, וועלכער וועט קענען פאַרענטפערן ביים בית דין של מעלה די פאַרווייטיקטע פראַגע:

כז. ווי אַזוי מעג דאָס זיין, אַז אידן זיינען געווען גרייט צו שפענדן 12-15 שעה אַ מעת לעת מיט איבערמענטשלעכע פיזישע כוחות מזכה צו זיין דעם כלל ישראל, אַראָפּצושטעלן פעסטע יסודות לטובת דער עקזיסטענץ פון אידישקייט אין אַמעריקע און אויך אין אַנדערע טיילן וועלט. און איר, עשירים, האָט בלויז געדאַרפט שפענדן אַ פּאָר באַקוועמע מינוטן פון אויסשטעלן אַ טשעק צו אייער באַנק־אַקאַונט, וואו איר האָט ליגן געלט וואָס איר קענט גאָרנישט טאָן דערמיט סיי־ווי און איר האָט אַזוי פיל אויך נישט געקענט טאָן??? וואו איז געווען אייער שכל ווען איר האָט זיך געקענט איינקויפן אַ גאָלדענע שטול אין די שענסטע פּאַלאַצן פון גן־עדן און איר האָט עס נישט געטאָן?

**כח.** דערפאַר נעמט זיך באַצייטנס אין באַטראַכט דאָס אויבנדערמאָנטע און לייגט נישט אָפּ אויף שפּעטער, ווייל דאָס איז דער גרעסטער קונץ־שטיק פון יצר הרע, ער זאָגט שטענדיק שפּעטער, שפּעטער, ביז עס איז שוין חלילה פאַרפאַלן.

**כט.** ספרים, וועלכע זיינען גרייט צום פאַרשפּרייטן, — אויב די עשירים וועלן זיך וואַרים אָפּרופן:

א) השבת בישראל כהלכתה.
ב) שמירת שבת כדת.
ג) מצות סת"ם השלם — מדריך לתפילין ומזוזות.
ד) טהרת המשפחה בישראל.
ה) הכשרות בישראל כהלכתה.
ו) הכשרות להלכה ולמעשה.
ז) מצות ציצית, דיניו ומנהגיו.
ח) מזוזת ישראל כהלכתה.
ט) השחיטה בישראל כהלכתה.
י) קדושת ישראל השלם.



## דער עושר ביים פאַרהער ביים בית דין של מעלה

(לויט ווי די חז"ל גיבן אונז איבער)

**בית דין:** איר זענט ר' יעקב דער נגיד?

**עושר:** יאָ!

**ב"ד:** פון וואָס באַשטייט אייער עשירות?

**עושר:** איך האָב אין באַנק נאָענט צו הונדערט מיליאָן דאָלאַר.

**ב"ד:** אַנטשולדיקט, דאָס מיינט אַז אייער באַנק איז רייך. אָבער מיט וואָס זענט איר רייך?

**עושר:** וואָס הייסט? דאָס געלט אין באַנק איז מיינס, נאָר איך קען דאָס נוצן.

**ב"ד:** אפשר זאָגט איר ווי אַזוי איר קענט איצט נוצן דאָס געלט? צי פאַרשטייט איר דען נישט, אַז געלט וואָס ליגט אין באַנק אומבאַנוצט האָט איר גאָרנישט דערפון?

**עושר:** נו! איך האָב נישט געקענט עסן מער ווי מען קען אָדער אָנטאָן קליידער מער ווי מען קען!

**ב"ד:** אויב אַזוי, פאַרוואָס האָסטו דאָס איבריקע נישט געגעבן אויף צדקה?

**עושר:** וואָס הייסט, איך האָב דאָך געגעבן מעשר!

**ב"ד:** אַן עושר איז נישט יוצא מיט מעשר, אַפילו מיט אַ חומש ווי דער הייליקער חפץ חיים זצ"ל שרייבט. ווי אַזוי האָסטו דיך געפּטר'ט מיט מעשר?

**עושר:** איך האָב נישט געוואוסט פון דעם חפץ חיים!

**ב"ד:** אַ חידוש גדול, ווען איינער האָט זיך צעפּייערט אַז מען טאָר נישט עסן בהמה־פלייש ווייל די שוחטים טויגן נישט, האָסטו געשריגן, נו, לשון הרע, דער חפץ חיים זאָגט עס איז לשון הרע, און דאָ פּלוצלונג האָסטו פאַרגעסן פון חפץ חיים?

**עושר:** לשון הרע איז זייער האַרב, דערפאַר ווייסט דאָס יעדער!

## דער עושר ביים פאַרהער ביים בית דין של מעלה יט

**ב״ד:** זאָלסטו וויסן, אַז ווייניק צדקה געבן פאַר הצלת ישראל איז ערגער פון לשון הרע. ווייל לשון הרע הרג׳עט דריי מענטשן און אַזוי זיינען אָפּגעשמד׳ט געוואָרן טויזנטער!

**עושר:** ווי אַזוי ווערן אידן אָפּגעשמד׳ט דורך ווייניק צדקה?

**ב״ד:** פשוט, אויב מען בעט געלט צו ראַטעווען אידן פון שמד און גייסטיקן אונטערגאַנג און איר גיט נישט טראָץ דעם וואָס איר זענט ב״ה ביכולת!!!

**עושר:** פון מיר האָט מען אָבער קיינמאָל נישט געבעטן אויף די צוועקן!

**ב״ד:** איר האָט שוין פאַרגעסן ווי עס זיינען געשטאַנען אין די צייטונגען וואָך נאָך וואָך שרייענדיקע אַרטיקלען ״ראַטעוועט דעם כלל ישראל״. איר האָט דאָס שיין דורכגעלייענט און אייך איז גאָרנישט בייגעפאַלן אַפילו צו ביישטייערן אויף דעם!!!

**עושר:** איך האָב פאַרשטאַנען אַז דאָס איז בלויז אַ גוזמא, ווי אַזוי קען איין מענטש ראַטעווען גאַנץ כלל ישראל?

**ב״ד:** אָט הערט ווערט איר פאַרשטיין. ערשטנס זאָגן די חז״ל ״המקיים נפש אחת כאלו קיים עולם מלא״, איז דאָך די הצלה פון בלויז איין־איינציקן איד ווי איר ראַטעוועט כלל ישראל. צווייטנס, ״אל תהי מפליג לכל דבר״. אַמאָל זענט איר דער מציל פון גאַנץ כלל ישראל מיט אַביסל געלט! ווי אַזוי? לייגט־צו קאָפּ און הערט, אַזוי ווי די דורות פאַלן און ווי ביי אַלע דורות געפינען זיך געציילטע, וועלכע וועקן דעם כלל ישראל. זיי זיינען די ריכטיקע מצילים פון גאַנץ כלל

ישראל, ווייל אויב נישט זיי וואָלט אַלץ געגאַנגען מטה מטה. פונקט ווי איין איינציקער מענטש קען ראַטעווען אין איין מינוט אַ גאַנצע שטאָט! ווען? ער ווערט געוואָר אַז שונאים ווילן באָמבאַרדירן די שטאָט אַלאַרמירט ער די רעגירונג, וועלכע נעמט־אָן די געהעריקע מאָסמיטלען צו ראַטעווען די שטאָט. דאָס זעלבע ביי אידישקייט, די עשירים וועלכע שטיצן און העלפן די דאָזיקע מצילים פון כלל ישראל, זיינען די וועלכע ראַטעווען דעם כלל ישראל!!!

עושר: כ׳וועל מודה זיין דעם אמת, איך האָב אַלץ געזען אין צייטונג, אָבער איך האָב געטראַכט, אפשר איז דאָס בלויז אַ גוזמא!

ב"ד: און ביי עניני עולם הזה האָסטו אויך אַזוי געטאָן? דאָרט ביסטו גאָרנישט פויל געווען און גענומען צייט געוואָר צו ווערן צי אַלץ איז אמת, נאָר ביי רוחניות ביסטו געווען פּאַסיוו!!!

**צווייטנס**, ביי ביזנעס האָסטו נישט מורא געהאַט צו אינוועסטן אַפילו טויזנטערס אויף אַ ספק עס וועט ברענגען פאַרדינסטן, און ביי רוחניות, וועלכע ברענגט זיכער פאַרדינסטן, ווייל מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה, האָסטו מורא געהאַט!!!

עושר: אָבער פאַרוואָס שרייט דער בית דין, אַז איך האָב אומגעברענגט בידים דאָס אידישע פאָלק בלויז צוליב׳ן אָפּהאַלט פון געבן צדקה אויף הצלת נפשות???

ב"ד: ווייל די חז"ל זאָגן **מי שבידו למחות ואינו מוחה נתפס על אותו עוון, און מיט אייער געלט**

**וואלט מען געקענט מוחה זיין קעגן די פירצות און אויפהאלטן אידישקייט. דאס איז אבער נישט געטון געווארן, אידישע קינדער זיינען ליידער א סך אפגעפארן, איז דאס אלץ אויף אייער חשבון!!!**

עושר: דאָך וואונדערט מיר זייער און אפשר קענט איר מיר ענטפערן פאַרוואָס איך, וואָס איך האָב פאַרטיילט יעדעס יאָר $10,000 פאַר צדקה, באַקום 1/10 גן עדן פון מיין חבר יוסל, וועלכער איז געווען אַן אָרימאַן און פאַרטיילט בלויז $2,000 פאַר צדקה?

ב"ד: זייער פשוט, יוסל, וועלכער האָט פאַרדינט וועכנטלעך בלויז $400 האָט געגעבן $40 אַ וואָך מעשר פאַר צדקה. דאָס מיינט, ער האָט זיך איבערגעלאָזט $360 צום לעבן, וועלכעס איז ווייט נישט גענוג געווען פאַר פרנסה מצומצם. דו, עושר, האָסט פאַרדינט $10,000 אַ וואָך און אַראָפגענומען $1,000 פאַר צדקה, איז געבליבן $9,000, פון דעם איז געגאַנגען $8,000 אין באַנק, האָסט געלעבט ברייט, מעשה נגיד, געגעסן פעטע סעודות, נישט געוואוסט פון קיין דאגות און איבערגעלאזט געלט אין באנק וואס קיינער קען נישט נוצן, ווי אַזוי קענסטו פאַרגלייכן דיין מצוה צו זיינס, ווייסטו דען נישט "לפום צערא אגרא"?!!!

צווייטנס, צוליב דיין איבריק געלט וואָס דו האָסט געהאַט די מעגלעכקייט אויפצוטון פאַר אידישקייט און נישט געטון, האָסטו דאָך געזינדיקט מיט'ן פקדון וואָס השי"ת האָט ביי דיר באַהאַלטן, און אַ חטא מתוך עשירות איז אַ סך האַרבער ווי אַ חטא צוליב עניות!!!

**עושר:** איך דערמאַן זיך טאַקע ווי אַזוי דער רב האָט אַמאָל נאָכגעזאָגט אין נאָמען פון הגאון הצדיק ר׳ ישראל סאַלאַנטער זצ״ל, אַז דער אָרימאַן וועלכער האָט האַלב פון זיין שוואַרצן ברויט געגעבן פאַר אַנדערע איז חשובער אין הימל ווי דער עושר, וועלכער האָט מנדב געווען דעם ריזיקן בית המדרש פון 10,000 זיך־פלעצער איינער אַליין. דעמאָלט האָב איך געמיינט אַז עס איז בלויז אַ גוזמא. איצט זע איך, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי!!! מענטשן קוקן אָבער דאָך אויף דעם וועג, אַז דער עושר, וועלכער בויט אַ תלמוד תורה און דאָס גאַנצע לערנען איז אויף זיין זכות, שטייט העכער פון אַן אָרימאַן וואָס גיט אַ פרוטה פאַר צדקה!

**ב״ד:** אין פסוק שטייט לא מחשבותי מחשבותיכם. דער מענטש טראַכט און השי״ת לאַכט. השי״ת קוקט אין האַרץ פון מענטש, צי מיינט ער צו בויען אידישקייט אָדער זוכט ער כבוד און פרסום. דער פּראָוו־שטיין איז, אויב גיט ער בלויז פאַר פלעצער וואו זיין נאָמען ווערט דורך דעם געערט און געשעצט אָדער גיט ער אויך פאַר פלעצער וואו מען בלאָזט אים נישט אויף.

די חז״ל זאָגן טאַקע, אַז איינער פון די צדיקים איז אַרויף אין הימל און געזען אַז די מענטשן וואָס זיינען גרויס אויף דער וועלט זיינען דאָרט קליין און די ערלעכע, וועלכע ווערן באַשמוצט דאָ זיינען דאָרט גרויס. דאָס ווייזט, אַז אין הימל מעסט מען אַנדערש דאס גרויסקייט פון מענטש ווי דאָ אויף דער ערד.

**עושר:** דער בית דין של מעלה מוז דאָך אָבער פאַרשטיין, אַז דער יצר הרע נישט אויסצוגעבן געלט איז זייער אַ שווערער און אומדערטרעגלעך!!!

**ב"ד:** דער בית דין וויל דאָס נישט אנערקענען!!!

**עושר:** פאַרוואָס?

**ב"ד:** ווייל ווען עס האָט זיך געהאַנדלט פון וועלטלעכע זאַכן האָט מען זיך אָנגעוואָרפן מיט געלט, יעדע פּאָר וואָכן געטוישט די סוטס, די קליידער, די פירהענג. יעדע שטיק צייט חתונה געמאַכט פאַר שווערע טויזנטער דאָלאַרן. געבויט אַ הויז פאַר אַ פּאָר מיליאָן דאָלאַר. יעדע שטיק צייט נאָכאַמאָל איבערגעפיקסט אדער צעווארפן דאס גאנצע הויז און איבערגעמאכט פון דאס ניי!!! אויסגעגעבן טויזנטער אויף טריפּס, וואַקעישאָן און דאָס גלייכן, אָבער פאַר צדקה האָט מען געקאַרגט מיט אַ גרויסער מאָס!!!

**עושר:** איז כאָטש מיין ירושה אַ טובה פאַר מיין נשמה אויב מען גיט עס פאַר צדקה?

**ב"ד:** אַוודאי! אָבער וויסן זאָלסטו, אַז דיינע קינדער וואָס זיינען ביי דיר געוואקסן פירן זיך אין דיינע דרכים, קאַרגן אויף צדקה פונקט ווי דו און גיבן גאָרנישט מער צוליב דיין ירושה. דערפאַר איז דאָס פאַר דיר קיין שום זכות נישט.

אָבער אַ קטרוג איז דאָס יאָ פאַר דיין נשמה, ווילאַנג דאָס געלט עקזיסטירט שיינט דאָס אַרויף ביז'ן כסא הכבוד און דערמאנט דאָס קמצנות פון איר בעל הבית שטענדיק און דורך דעם ווערט זיין משפט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבערגעחזר'ט און שטענדיק ווערסטו פארזיגלט אויף אַ נייע שטראָף.

און אויב איינער פון דיינע קינדער נוצט דאָס אויף

געמבלינג אָדער אַנדערע עבירות איז דאָס נאָך אַ ירידת נשמה פאַר דיר!!!

**עושר:** מיין חבר האָט איבערגעלאָזט בצוואה מען זאָל זיין געלט געבן אויף צדקה־צוועקן, איז דאָס פונקט אַזוי חשוב ווי געהעריקע צדקה?

**ב"ד:** אַוודאי איז דאָס זייער חשוב אין הימל, אָבער קיין שום פאַרגלייך נישט צו דעם וואָס גיט דאָס אַוועק ביים לעבן, ווייל פאַר'ן שטאַרבן הערשט אַ שטיקל התעוררות און ער ווייסט, אַז נאָכ'ן שטאַרבן וועט ער שוין סייווי נישט קענען געניסן מער דערפון!!!

ועל כולם האָבן ליידער אַ סך קינדער פאַרנאַכלעסיקט און נישט אויסגעפירט געהעריק די צוואה און די וואָס יאָ האָבן די קינדער געקאַרגט צוליב דעם פון זייער אייגן געלט און זיך באַגנוגנט מיט מנדב זיין דעם טאַטנ'ס, איז דאָס במילא קיין זכות נישט!!!

**דערפאר איז די איינציקע עצה אוועקצוטיילן דאס געלט ביים לעבן וויפיל מען קען, נישט איבערלאזן פאר זיך נאר חתונה צו מאכן די קינדער און אליין אויסצולעבן די יארן. ווייל דאס איבריקע בלייבט סייווי גארנישט דערפון.**

**עושר:** פאַרוואָס זאָל מען נישט לאָזן פאַר די קינדער און איינִיקלעך?

**ב"ד:** די היסטאָריע ווייזט, אַז קיינער קען נישט איבערקלוגן די גזירה פון "בזיעת אפך תאכל לחם" און עד היום

עקזיסטירט נישט קיין איינציקער אייניקל (חוץ געציילטע כולל־יונגעלייט) וועלכע לעבן פון זיידנ׳ס פאַרמעגן. און די וועלכע יאָ ווערן רח״ל די גרעסטע אונטערוועלטניקעס דורך ליידיקגיין.

צווייטנס, אייערע קינדער אַרבעטן שווער אויף פרנסה, וואָס זאָגט איר פאַלשע תירוצים אַז איר אַרבעט פאַר זיי? און אויב איר ווילט העלפן חתונה מאַכן אייניקלעך, זייט מוחל רעכנט דאָס אויס, שטעלט דאָס אין אַ זייט און די איבריקע גיט פאַר צדקה. דאָס האָט איר נישט געטון, ווייל איר מיינט עס נישט אמת׳דיק!!!

עושר: וועלכעס איז מער חשוב אין הימל, צדקה פאַר אָרימעלייט אָדער אויפצוהייבן אידישקייט?

ב״ד: אויפצוהייבן אידישקייט!!!

עושר: פאַרוואָס?

ב״ד:: ערשטנס: ווייל ס׳רוב מענטשן האָבן בעיקר אַ געפיל צו אָרימעלייט, צעבראָכענע מענטשן, קראַנקע לייט. דאָס מיינט, דער נסיון איז קלענער און די געבערס זיינען אַ סך. אָבער צו אידישקייט פאַרשטייען ליידער נאָר די וואַרימע אידן מיט אַ הייס אידיש האַרץ!!!

צווייטנס: די נשמה שטייט ביי אידן העכער פון גוף און ווער עס העלפט אַרויס אידישע נשמות איז דאָס אַ סך העכער ווי הצלת גופות ישראל (גדול המחטיאו יותר מן ההורגו)!!!

דריטנס: צוליב די געציילטע בני עליה, וועלכע זיינען וואַרים צו דעם נעמען אַלע באַטייליקטע שכר כנגד כל

העולם אַזוי ווי דער ס"ח שרייבט ביי מת מצוה, בבחינת זכה נוטל חלקו וחלק חבירו בגן עדן!!!

עושר: (פארברענט מיט די הענט) — אוי וויי!!! אוי וויי!!! פאַרוואָס האָב איך נישט געהאַט שכל ביים לעבן אויסצולייזיקן די קאַסעס אין באַנק און געבן פאַר צדקה און אידישקייט? וואָס האָב איך איצט פונ'ם געלט אויסער די גרויסע שטראָפן אין הימל? קוק נאָר אָן דעם ליכטיקן גן־עדן פון די אַלע וועלכע האָבן שכל געהאַט ביים לעבן צו פאַרטיילן דאָס געלט. עס איז פשוט זיי מקנא צו זיין, זיי שפּאַצירן ווי אַ בן־בית אין אַלע היכלות פון גן־עדן און גייען שטענדיק העכער און העכער, איצט קוק נאָר וואָס איז געשען ממש מיט מיר, ממש דאָס פאַרקערטע, מען וואַרפט מיך אַריין אין דעם טיפסטן גיהנום און איך ווער באַשולדיקט פאַר אויסשמד'ן מיליאָנען אידישע נשמות פון אַמעריקע.

לא. עס איז נישט מעגלעך מיטן מענטשלעכן שכל משיג צו זיין דאָס גרויסע געוואַלדיקע תענוג וואָס אַ מענטש געניסט אין דעם קלענסטן **גן עדן**. די חז"ל טוען עס אונז פאַרשטעלן אויף דעם אופן. אַ מענטש זאָל זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי ער קעניגט איבער דער גאַנצער וועלט — אַלע מענטשן פון דער וועלט זיינען אונטערטעניק אונטער אים. טויזנטער קנעכט מיט אָפיצירן שטייען גרייט אויסצופילן זיינע באַפעלן. עראָפּלאַנען מיט שיפן אין די טויזנטער זיינען גרייט אויף די ווייטסטע מיסיעס צו ברענגען פאַר אים דאָס שענסטע און בעסטע, וואָס געפינט זיך אויף דער וועלט וואָס זיין האַרץ קען נאָר

גלוסטן; די טייערסטע עסנוואַרג און געטראַנקן, די טייערסטע מארמארשטיינער, די שענסטע זילבער און גאָלד, פערלשטיין מיט בריליאַנטן, וועלכע געפינען זיך אויף דער וועלט. אַלץ ווערט צו אים אַריבערגעברענגט, אַלע וואָס שטייען פאַר אים זיינען פול מיט ציטער און ערעפורכט. ווען ער גייט אַרויס אין אַ צווייטער מדינה, באַגלייטן אים טויזנטער עראָפּלאַנען מיט מיליטערישע לופט־קרעפטן. ווען ער שפּאַצירט דורך די גאַסן שטייען מענטשן קעפּ אויף קעפּ אין די צענדליקער טויזנטער פון דער ערד ביז אויף די דעכער בלויז צו קענען כאַפּן אַ בליק אויף דעם גרויסן, מעכטיקן קייזער, פאַר וועמען עס ציטערט די גאַנצע וועלט. דער קייזער לעבט מיט דעם פאַרגעניגן 120 יאָר. דאָס אַלץ קומט נישט צו דעם תענוג אויף יענער וועלט, ווי העכער אין גן עדן אַלץ גרעסער און שטאַרקער איז דער תענוג, און דער תענוג גן עדן פאַר דעם וואָס איז זוכה איז נישט בלויז אויף אַ טאָג אָדער אַפילו אַ יאָר, נאָר עס האַלט אָן יאָר נאָך יאָר, יאָר נאָך יאָר, אָן אַ שיעור און אָן אַן עק, אַ זאַך וואָס דער מענטשלעכער שכל קען נישט באַגרייפן. און איך, דער עושר, האָב געהאַט די מעגלעכקייט צוצוקומען צו דעם העכסטן גן עדן דורך אַ קליין ביסל זיך שטאַרקן אויפ׳ן יצר הרע און אויסטיילן מיינע געלטער פאַר צדקה און וואוילטעטיקייטן.

## לב. אוי וויי, וואס פאר א מין שוטה איך בין געווען!

**ווי קען זיך א מענטש אזוי באנארישן?** איך האָב געהאַט די ברירה אויף דער וועלט צו לעבן און לאַכן און נישט וויסן פון קיין שום דאגות און אין דער זעלבער צייט זיך אויפבויען דעם שענסטן פריער דערמאנטן גן

עדן דורך אַוועקגעבן אַלע געלטער וואָס איך מוז נישט האָבן צום לעבן אויפצושטעלן אידישקייט. וואו איז געוועזן מיין שכל? אוי! ווען איך זאָל כאָטש קענען נאָך איין טאָג לעבן וואָלט איך מיין גאַנצע געלט אַוועקגעטיילט אנשטאָט דעם וואָס איצט רייסן זיך אַרום די קינדער איבער דער ירושה און דאָס מחלוקת ברענט עד לב השמים. וואָס האָב איך פונ׳ם גאַנצן געלט? אָפּגעלעגן אַ גאַנץ לעבן אין באַנק, נאָכ׳ן שטאַרבן צעריסן דורך דעם די געשוויסטער, וועלכע גיט מיר נישט קיין מנוחה בעולם הבא, ועל כולם, אַן אומגעהויער־גרויסע שטראָף פאַר קמצנות און צעברעכן אידישקייט!!!

## עד כאן דער פּראָצעס פון בית דין של מעלה



### אונטערשטע שורה:

## רייכע אידן! חשובע אידן! טייערע אידן!

לג. באַטראַכט גוט דאָס אויבנדערמאנטע ועט איר זען ווי אַלץ איז אמת אָן קיין גוזמאות, וואו זיינען די אַלע אַמעריקאַנער עשירים פון פריערידקן דור, וואָס איז געשען מיט זייער פאַרמעגן? וואו זיינען זייערע קינדער, וועלכע זיצן און לערנען מיט די פאַרמעגנס וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט? וואו זיינען די אַלע מוסדות התורה, צדקה וחסד, וועלכע זיינען אויפגעבויט געוואָרן מיט זייער געלט לויט זייער צוואה?

לד. זעט איר דען נישט, אַז אַלץ איז בלויז אַ פאַרבלענדעניש, מיט טענות פון יצר הרע? די עשירים וואָס לעבן שוין נישט און זעען שוין זייער בראָך וויפל גוטס זיי וואָלטן נאָך געקענט טוהן מיט זייער געלט, ווינטשן זיך אָה!

הלוואי וואָלטן זיי געקענט אויפשטיין איין טאָג תחיית המתים און פאַרטיילן זייער גאַנץ געלט אויף צדקה, ווייל נאָר דאָס האָט אַ ווערט אויבן. פאַר זיי איז שוין שפּעט! זיי האָבן פאַרשפּעטיקט! אָבער איר, וואָס האָט נאָך צייט ב"ה, כאַפּט איצט אַריין, ווען אייער געפיל איז דערביי און איר וועט קיינמאָל נישט חרטה האָבן.

לד. על כן, חשובע אידן, דערמאָנט זיך באַצייטנס צו טון מיט'ן געלט פאַר אידישקייט כדי נישט ח"ו צו בלייבן פאַראומגליקלעכט לעולם ועד.

לו. וואויל פאַר דעם וואָס האָט שכל ביים לעבן, — וואויל פאַר אים אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. אויב איר דערמאנט זיך אויף דער עלטער, ווען די יאָרן זיינען שוין געציילטע, זוימט זיך אַוודאי נישט און שטעלט שוין אויס אַ טשעק פון 80% פאַרמעגן צו ראַטעווען תורה און אידישקייט, וועט אייער זכות וואקסן לעולם ועד פאַר די אַלע אידישע דורות, וועלכע עקזיסטירן דורך אייער זכות.

אויב ח"ו נישט פאַרגעסט נישט די גייסטיקע גאַז־קאַמערן זיינען אין פולן שוואונג און איר זענט אַ חלק חשוב פון אחריות.



פאראינטערעסירטע צו העלפן מיט געלט דעם "וועד המרכזי העולמי לקיום היהדות" צו קענען אנגיין מיט דער ארבעט, דארפן זיך ווענדן שריפטלעך אדער טעלעפאניש צו:

VAAD HAMERKAZI HOILUMI LEKIYUM HAIHADUS
c/o RABBI SHOKLM YUDA GROSS
4711 12th AVE., APT. A-5, BROOKLYN, N. Y. 11219
TEL.: (718) 436 8086

בס"ד

# עשירים עשירים!!! ראטעוועט ראטעוועט!!!

## נאָנט צו 6 מיליאן אידן אין אמעריקע ווערן געפירט צום גייסטיקן אוישוויץ רח"ל

טאג טעגלעך גייען טויזנטער פון די אמעריקאנער אידישע יוגנטלעכע מטה מטה.

די איינציקע וועלכע קענען זיי העלפן זענען די עשירים. די נשמות פון די יוגנטלעכע בעטן זיך ביי אייך מיט תחנונים

**האט רחמנות און ראטעוועט אונז.**

יש קונה עולמו בשעה אחת!

עשירים האבן די מעגלעכקייט צו קויפן טעגלעך זכותים דורך ראטעווען טויזנטער אידישע נשמות פון די נעגעל פון די סטרא אחרא.

לאזט נישט אדורך די געלעגנהייט וועלכע וועט אייך ברענגען צו די העכסטע היכלות פון גן עדן און גרויס הצלחה אויף דער וועלט אין אלץ.

אויפן סדר היום: • שבת • כשרות • טהרת המשפחה • תפילין • מזוזות • געמישטע הייראטן • מלחמה קעגן מיסיאנערן.

**פאראינטערעסירטע צו העלפן מיט געלט דעם "וועד המרכזי העולמי לקיום היהדות" צו קענען אנגיין מיט דער רעטונגס־ארבעט, דארפן זיך ווענדן שריפטלעך אדער טעלעפאניש צו:**

**VAAD HAMERKAZI HOILUMI LEKIYUM HAIHADUS**
**c/o Rabbi Sholem Yuda Gross**
**4711 — 12th Ave., Apt. A-5, Brooklyn, N.Y. 11219**
**Tel.: (718) 436-8086**

זאת התורה — לא תהא מוחלפת

# הצלת היהדות

**המבצר האדיר הזה הוא שרשרת חומת אש ליהדות הנאמנה באה״ק ובכל העולם כולו**

**דא שפיגעלט זיך אפ די ריזיגע ארבעט וואס כ״ק אדמו״ר שליט״א האט געגרינדעט אין פירט אן מיט מסירות נפש ביזן היינטיגען טאג.**

...שטייען אין פראנט ליניע און פירען אן דעם אומענדליכען קאמף דורך צו ברעכען די מויער וואס פארשטעלט די וואס ווילען גיסען די פונדאמענטען פאר אמת׳דיגע כשרות.

...זענען מקדש שם שמים קעגן די גאנצע וועלט אויסרופענדיג אז משה אמת ותורתו אמת.

..תהלתם מלאה הארץ ריזיגע פעסטונגען קעגן בייזע ווינטען וועלעכע באדרויען דעם כלל ישראל.

**התוכן**

- □ **שלשת אלפים** מכתבי ברכה ועידוד מגדולי וחכמי דורנו.
- □ **תעמולות ההפצה** מתקיים ע״י המשרדים הקבועים בכל התפוצות.
- □ **מספר החיבורים** שנתחברו ונדפסו בסך 18 שנה ע״י הגאון המחבר שליט״א, הם סך: 286 ספרים.
- □ **מספר עותקים** שנדפסו ונחלקו בחנם ע״י הוועד להוצאת ספרי יהודה וישראל בכל תפוצות ישראל הם סך: 850,000 ספרים.
- □ **הוצאת הדפוס** והמשלוח ועוד הם סך למעלה מ־2 מליאן דאלער.
- □ **הגרעון (דעפיציט)** הוא סך: $1,500,000.00.
- □ **תקציב השנתי** לשנת תשמ״ז $1,750,000.00.

**אנא** ראש למעלה עלו החובות **השתתפו ונטלו חלק בהחזקת המוסד להוצאת ספרים לזכות הרבים בכל העולם כולו,** ואשרי חלקו של כל מי שמסייע לדבר גדול ונשגב כזה להציל נפשות מישראל.

**אנא תן יד להמוסד הנשגב הלזה להשתתף בהוצאת ספר לע״נ קרוביך שעילוי גדול תהי׳ לנשמתם הטהורה ועי״ז ימליצו עליך להוושע בכל מיני ישועות עליך ועל משפחתך הדגולה ועכי״א.**

M.B.T. P.O.B. 331, Brooklyn, N.Y. 11219 Tel: 718-436-8086

